יעקב שודריך

# די ערד ריירט

(לידער)



אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג אַביגדור שפּריצער
ביים צענטראַל־פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן אין אַרגענטינע

בוענאָס־איירעס — 1953

# עטלעכע ווערטער צו יעקב שודריכס ביאָגראַפיע

דער דיכטער יעקב שודריך איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905 אין שטעטל היווניוו, גאַליציע. ער איז שוין געווען דער פינפטער דיכטער, וואָס האָט געשטאַמט פון דעם דאָזיקן שטעטל.

דער ערשטער איז געווען משה פריזאַמענט. אַ מאַרשעליק, אַן אמתער פאָלקס-דיכטער.

דער צווייטער — מרדכי גאָטפריד — אַ העברעאישער פּאָעט און אַ פיינער סטיליסט.

דער דריטער — אַביגדור שפּריצער, דיכטער און דראַמאַטורג.

און צום סוף — שפּריצערס צוויי תלמידים:

יצחק אריה בערגער, אַ העברעאיש-יידישער דיכטער, און יעקב שודריך.

יעקב שודריכס טאַטע איז געווען אַ קירזשנער. ער האָט געאַרבעט פופצן שעה אין טאָג און נישט געקענט פאַרדינען פאַר זיינע קינדער קיין ברויט צו דער זעט.

זיין מאַמע — אַ צוזייגערין פאַר קינדער פון רייכע הייזער.

אַזעלכע תמימותדיקע, ערלעכע מענטשן, איז אַפילו דעמאָלט שווער געווען צו טרעפן.

דאָס שטעטל היווניוו איז געווען בלויז 20 קילאָמעטער פון בעלדז און אַפילו די בעל-מלאכות וואָס זענען נישט געפאָרן צום בעלדזער רבין, האָבן אויך געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אז זייערע קינדער זאָלן לערנען תורה.

יעקב שודריך האָט געלערנט חומש מיט רש״י און אויך געלערנט אַ שטיקל גמרא. יידיש שרייבן, האָט ער געלערנט אין דער יידישער שול, וואָס אביגדור שפּריצער האָט געגרינדעט אין

שטעטל. ער האָט זיך געהאלטן נעבן זיין רבין ביז ער האָט פאַר־לאָזט דאָס שטעטל.

אין יאָר 1930 האָט שודריך זיך אַריבערגעצויגן קיין לעמבערג, ווו ער איז פאַרבליבן ביז צו זיין טויט.

אין לעמבערג האָט ער זיך דיכטעריש געצייפט און געדרוקט לידער אין פאַרשידענע אויסגאבעס פון פוילן און אויך פון אויס־לאַנד.

אין יאָר 1937 האָט ער אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „ליטעראַ־רישע בלעטער" זיין ערשט בוך לידער א. ד. נ. „די ערד רירט", וואָס מיר דרוקן איצט איבער.

**פערל שפּריצער.**

מיר, די יורשים פון אביגדור שפּריצער, גרינדן דעם פאַרלאַג אויף זיין נאָמען צוליב המשך. דערפאַר גיבן מיר אַרויס דאָס ער־שטע בוך פון זיינעם אַ תלמיד.

**פערל און מלכה שפּריצער**

ישראל אַשענדאָרף

# דער אייביקער מאַמין

ס׳האָט קיינער פון דעם יונגן שרייבער־דור אין גאַליציע נישט דורכגעמאַכט אַזאַ שווערן וועג ווי יעקב שודריך, הן אין קאַמף פאַר דעם טאָגטעגלעכן באַדאַרף און הן אין געראַנגל צו געפונען זיין אייגענעם קינסטלערישן אויסדרוק.

אַ קליינער, אַ מאָגערער, כמעט שטענדיק מיט פאַרטרוקנטע ליפּן, אַ הוסטנדיקער, מיט פיבער — האָט ער כסדר געפיבערט, געברענט און איז געווען גרייט זיך אַוועקצוגעבן אַ קרבן עולה פאַר דער דיכטונג, פאַר זיין אידיי.

ער איז געבוירן געוואָרן אַ צאַרטער ליריקער, צו באַזינגען דעם איינזאַמען, דעם טרוימער, נאָר דאָס לעבן האָט אים פאַר־וואַנדלט אין אַן האַרטן קעמפער. ער איז געבוירן געוואָרן צו וווי־נען צווישן פעלדער, וועלדער, בערג און טייכן, איז ער אָבער גע־זעסן זיין גאַנץ לעבן און געאַרבעט אין ענגע, טונקעלע וואַרשטאַטן ביי עיפּושדיקע פעלן.

טרוימער און קעמפער, גראָע טאָגטעגלעכקייט און וויזיע, האָבן צווישן זיך געקעמפט אין אים און חרוב געמאַכט זיין גוף און געשטערט אים טיילמאָל צו דערגרייכן דיכטערישע האַרמאָניע און שלימות.

ער איז געקומען מיט אַ ווונדערלעכער פּאָעמע אין זשורנאַל „צושטייער" א. ד. נ. „באַרטאַן הוליאַן" און גלייך אַרויסגערופן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט. אין איר האָט דאָמינירט די נאַ־טור און דער מענטש, ווי איינער פון די נאַטור־כוחות. און פאַר־

ענדיקט האָט ער מיט אַ גרויסער פּאָעמע „דער בעל שם און דאבאש".

די דאָזיקע פּאָעמע איז געווען דאָס סאַמע שענסטע און שלי־מותדיקסטע, וואָס יעקב שודריך האָט אָנגעשריבן אין זיין לעבן. אין איר איז אים געלונגען אַרויסצוברענגען אויף אַ טיף־לירישן אופן פּאָלקסטימלעכע מאָטיוון. אין איר האָט ער געוויזן די שיינ־קייטן פון דער אור־נאַטור פון די קאַרפּאַטן־בערג, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געהויבן נאָך צוויי הויכע בערג: דער בעל שם און דאבאש.

הגם ער האָט געהאַט אַ שווער לעבן און איבערגעלעבט אַ סך אַנטוישונגען, איז ער פאַרבליבן ביז צו דער לעצטער רגע פון זיין לעבן אַ מאמין אין מענטשן. אין זיינעם אַ בריוו, געשריבן אין גע־טאָ „מיט אַ ציטערדיקער האַנט פון אָפּגעשוואַכטקייט, נאָך אַ שוידערלעכער שחיטה וואָס די דייטשע משוגענע פאַשיסטישע באַנדעס האָבן דורכגעפירט איבער די לוואָווער יידן" גלייבט ער אַליק, אַז „ס'וועט געוויס זיין אַ צוקונפט, אַן אַנדערע, אַ צען טויזנט־פאַך שענערע".

ער איז געווען אַ שוואַכער, ממש אַ קראַנקער כל ימיו, נאָר פון דעסטוועגן האָט ער געחלומט פון קאַמף, פון פּשוטן פיזישן קאַמף קעגן די דייטשע רוצחים. ער שרייבט אין יענעם בריוו: „איך האָב די גאַנצע צייט געחלומט כאָטש צו שלאָגן זיך מיט פּאַרטי־זאַנער ערגעץ אין די וועלדער, הגם איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געהאַלטן קיין געווער אין האַנט, דאָך וואָלט איך זיך אויסגעלערנט און גרייט געווען צו טון די געפאַרפולסטע אַרבעט".

און ער האָט טאַקע געפרווט זיין חלום צו פאַרווירקלעכן. ער און נאָך עטלעכע יידישע יונגעלייט האָבן אונטערגעקויפט אַ פּויי־לישן שאָפער, אַז ער זאָל זיי אַרויספירן פון געטאָ אין די נאָענ־טע וועלדער, כדי זיך אָנצושליסן מיט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע. דער שאָפער האָט זיי גענומען אויף זיין אויטאָ, נאָר אנשטאָט זיי צו פירן אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער, האָט ער זיי געפירט אין דער געסטאַפּאָ, ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען.

יעקב שודריך האָט ווייניק געשאַפן און אפילו פון דעם ווײ־

ניקן, איז נישט אַלץ געבליבן. פון זיין פּאָעמע „באַרטאָן הוליאַן", איז געבליבן בלויז אַ פראַגמענט. זיין פּאָעמע „דער בעל שם און דאבאש" איז אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען. איך דערמאָן דאָ זיין פּאָעמע „באַרטאָן הוליאַן", ווייל זי איז געווען זיין שיינער אָנהייב און די פּאָעמע „דער בעל שם און דאָבאַש", ווייל זי איז געווען דער צוריקקער צום אָנהייב, וואָס איז שוין, ליידער, אויך געווען דער סוף.

יעקב שודריך איז געווען אַ דיכטער, אָבער ער וואָלט אויך געקענט זיין אַ העלד פון אַ דיכטער אין אַ פּאָעמע פון דעם יידישן מענטשן אין פוילן, וועגן זיינע נויטן, אידייאישע ראַנגלענישן, חלומות און פּריצייטיקן טראַגישן אומקום.

דאָס נייע כּישוף־מעשה׳לע מיר האַלטן נאָך אין שלייפן, —
ס׳איז אונזער ערד דערווייל אַ בלוטיקער טראַנשיי.
מיר קריגער מיט בערד באַוואַקסענע און צעריסענע שינעלן, —
אונטער טויט־געפאַר צום נייעם לעבן מיר גייען.

אויב מיר וועלן דורכגיין, — וועלן אויפוואַקסן העלע לעגענדעס —
יעדער מענטש — אַ גיגאַנטישער ליכטיקער שבֿל.
דאָס כּשוף־מעשה׳לע פון אַמאָל וועט אַ קאַרליקל זיין,
קעגן דעם, וואָס מיר וועלן נאָך דערגרייכן.

# באַגינען

כ'האָב די זון שוין געטראָפֿן זיך באָדן אין וואַסערן בלאָע,
איר גאָלדן פֿאַרמעגן צעהאַנגען אויף וועלדער אין פֿריע שעה'ן.
ס'האָבן הייזקעס זיך אויסגעווישט די אויגן מיט ליכט פֿון זון,
דער הימל האָט זיך ווייך אַוועקגעזעצט איבער זיי רוען.
האָבן כוואַליעס געאײַלט זיך ערגעץ ווייט — שעפּסן ווײַסע
און אין לויף געמורמלט, ווי זיי וואָלטן זיך דערציילט אַ מעשה.
אויף די פּאַשעס האָבן אײנציקע פֿערד מיט אַראָפּגעלאָזטע ווײַדלען
זיך מידע אומגעדרייט און שווער אויף גראָז צעלייגט זיך.
אַ פּאַסטוכל האָט אַ ווערבע־פֿײַפֿל געשניצט מיט אַ קניפּעק
און אַ שטשיגל האָט צו אים אַראָפּגעטרעלערט פֿון אַ ליפּע.
האָט דאָס פּאַסטוכל פֿאַרזשמורעט די אויגן און געשמייכלט
און קליינע זוניקע וואָלקנדלעך זענען אומגעשווימען אין די הייכן.
אויף געפּלאָכטענע גערטנער — טעפּלעך, ווי אָנגעטועטע היטלעך,
ווײַסע קינדער־ווינדעלעך האָבן געפּלאַטערט אויף שטריקלעך.
ליכטיקער טרויער האָט געבליט אויף קנאָספּן פֿון בלומען,
ביי טירלעך פֿון טויבן־שלעק האָבן טויבן אָנגעבלאָזענע צעברומט זיך.
קליינע געלע הינדעלעך האָבן געפּישטשעט אונטער קוואָקע־פֿליגל
און אַן איינזאַמע וואָרנע האָט פֿון אַ בוים צו זיי אַראָפּגעשריגן.

אין דער ליידיקער בלאָקייט האָב איך אויפגעשפּיצט מײַנע אויערן,
און ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז כ'האָב עפּעס וויכטיקס פֿאַרלוירן.
צי האָב איך פֿאַרלוירן דעם אומעט פֿון מײַנע אויגן שוואַרצע?
צי דאָס טרויעריקע ליד פֿון מײַן אומרויקן האַרצן?

## כ׳וויל נישט אומגיין

כ׳וויל נישט אומגיין צווישן אייך אומבאַמערקט — אַ שאָטן,
צווישן אייגענע ברידער נישט ווערן דערקענט.
ס׳נעמען לעשן זיך די פייערן פון גלויבן אין האַרצן,
ווען היימישע אויגן קוקן אויף מיר אַזוי פרעמד.

ווען אַ פויגל קלעטערט אויף צווייגן, ציטערן די בלעטער,
אַ פליג אַפילו ציט די אויפמערקזאַמקייט אויף איר זשומען,
און איר ווילט גלויבן, אַז אַ דיכטער קען אויפהערן זינגען
און אומגיין צווישן לעבעדיקע — אַ מצבה אַ שטומע?

כ׳וויל נישט פאַרוועבן קיין מיסטעריע איבער נאַקעטן אָרום,
נישט איינהילן אין שלייערן דאָס מענטשלעכע געזיכט,
כ׳ווייס, אַז ס׳האָט אַ סדר די געשיכטע און אַ פעסטן גאַנג
און ס׳איז צעטיילט דעם מענטשן־מין אויף פינצטערניש און ליכט.

עס זענען אַלע וועגן אָבער זיגזאַגיש און געדרייט,
נישט שטענדיק איז אַלץ זיך אַזוי פשוט און אַזוי גלאַט, —
מען דאַרף צונויפשרויפן אַ שרייפל אין אַ שרייפל ביז צו אַ געשאַף,
און ס׳איז נישט אַזוי קורץ דער וועג פון געדאַנק צו טאַט.

איך ווייס: ס׳איז יעדערער איינצעלנער נישט מער — אַ דעטייל,
נאָר פון דעטיילן ווערט באַשאַפן אַ גיגאַנט.
דאַרף דערפאַר אַ יעדער מענטש געהיטן ווערן און געאַכט,
אויב ער לייגט נאָר צו צום צוקונפט־בוי זיין האַנט.

איך וויל, איר זאָלט פאַרשטיין, איך האָב אַ האַרץ, וואָס זינגען מוז.
און נישט פאַר פרעמדע איז מיין אָנגעווייטיקט ליד.
כ'וויל נישט אומקומען אין מבול פון אומנוצלעכע רייד —
אַ יונגער בוים, וואָס האָט אין רייפקייט נאָכנישט זיך צעבליט.

# מיט דער נאַכט

מיט דער נאַכט איז צערינען מיין זיידענער חלום,
מיט דער נאַכט איז פאַרגאַנגען מיין שטילער געזאַנג.
מיטן טאָג אַזוי ראַש אויף שטורעם צו שווימען
איז געקומען מיין ליד מיט אַ הילכיקן קלאַנג.

מיט די אויגן געווענדעט צום געזאַנג פון דורות,
מיטן האַרץ באַוועגט דורכן רויש פון מיין דור.
גיי איך אום אויף דער ערד, וואָס צעגליט איז פון שלאַכטן
און מיש אויס מיין ליד אינם מעכטיקן כאָר.

ערשט נעכטן געשלונגען דאָס גאָלד פון די שטערן,
קוים זיך באַוועגט מיטן שטילן באַוועג פון די בלעטער,
געוואָלט מיט דער לייכטקייט פון פליענדיקע פייגל,
מיט פלינקייט פון הירשן איבערן לעבן קלעטערן.

איז מיין שטילער פאַרלאַנג געוואָרן צעפליקט און צעריסן,
ווייל ס׳זענען מיך באַפאַלן געשעענישן קאָנקרעטע,
ס׳זענען אויפגעגאַנגען האַרבע, געפּאַרפּולע טאָטן
און מיין חלום איז געוואָרן אַ שטערונג, אַ פאַרעטער.

איז אַנטרינען פון ליד די שטילע גאָלדענע וואונדער,
ווייל וואונדער אַליין וועבן נישט קיין געשיכטע,
די געשיכטע גייט אויף קוליעס, אין באַנדאַזשן,
און אין ווייען ווערט געבוירן ס׳ליד פון דיכטער.

מיט דער נאַכט איז צערינען מיין זיידענער חלום,
מיט דער נאַכט איז פאַרגאַנגען מיין שטילער געזאַנג.
מיטן טאָג אַזוי ראַש און אויף פליגל צו שווימען
איז געקומען מיין ליד מיט אַ הילכיקן קלאַנג.

# עס כשופט נישט מיין ליד

עס כשופט נישט מיין ליד, ווי שעבערעזאַדע־נעכט,
און מיין פערז איז נישט זילבערדיק און דין,
ווייל כ׳בין געבוירן אין אַ הויז פון שטומע קנעכט,
פון אַ הויקערדיקער, קלאָגעדיקער שטוב — אַ קינד.

מיין מאַמעס מילך איז געווען געמישט מיט בלוט,
אירע פינגער האָבן מער שוין צערטלען נישט געקענט.
פרעמדע קינדער האָבן אויסגענאָגט איר ברוסט
און צוגערויבט ביי מיר די צאַרטקייט פון מאַמעס הענט.

ווען כ׳האָב די שוואַרצאַפּלען אַרויפגעקוילערט צום סופיט,
האָב איך דערזען דאָס ערשטע וווּנדער — אַ גראָע שפּין,
אַ פעטע שפּין אַרומגעקראָכן איז מיט שטילע טריט
און אויפן וועיכן שפּינוועבס זיך באַוועגט אַהער, אַהין.

ביי אונז אין שטוב איז איבעריק געווען אַ יעדער לאַך,
אַ שמייכל פון אַ קינד געהייסן האָט פראָטעסט,
פראָטעסט אַ קעגן אויסגעהאַקטער שויב און פוילן דאַך,
אַ קעגן טאַטנס גראָען אומעט — אַ פיינטלעכער פאַרמעסט.

איך בין געלעגן נאַקעט קעגן הימל אויף דער ערד,
אָנגעפּוישט און אָנגעשוואָלן דער בויך פון גרינעם אויבס.
צו מיין געוויין האָט קיינער נישט זיך צוגעהערט
און איך אַליין פלעג שיר פון אים נישט ווערן טויב.

אַ האַרטע וואָר פון שמוץ און הונגער — מיינע טעג,
אַפילו ס׳ברויט געווען איז האַרט, געשענקט פון אַלטע לייט.
מיין ביישלעפערין — די גריל — האָט מיך צו שלאָף פאַרוויגט,
און אויפגעוועקט האָט מיך מיין אייגענער געשריי.

און פון מיין לעבן, וואָס האָט געיאמערט, ווי דער ווינט,
אויפגעוועקט געוואָרן איז מיין האַרץ צו געזאַנג.
און מיין היינטיק ליד, ווי בלוט פון מיר עס רינט
און ס׳גייט מיר נאָך מיין יעדן גאַנג.

טאָג, גיי פאָרויס מיין ליד, כאָטש דו ווערסט געהאַסט,
ווי איך, דיין גראָער טרובאַדור פון וואַרשטאַט.
מיר וועלןביידע נאָך דערלעבן, אַז מיין קלאַס
וועט פאַרוואַנדלען דיך אין גרויסער טאַט.

# דו האָסט מיך אָנגעצונדן

דו האָסט מיך אָנגעצונדן, ווען שטאָט האָט אויפגעשטורעמט
מיט דיינע איילנדיקע טריט און מיט דיין רוף — דערוואַך!
דו האָסט פאַבריקן אָפּגעשטעלט, טראַמווייען אויסגעלייגט,
מיט עקשנות זיך געשלאָגן ביז אין האַלבער נאַכט.

דו האָסט אַזויפיל פרייד צעזייט ביי מיינע פיס,
ווען איך בין טרויריק נאָך געשטאַנען ביי דעם ראַנד.
איצט פלאַטער איך אין געפלאַטער פון פאָנען,
וואָס דו האָסט אויפגעהאָנגען אין מיין לאַנד.

איך ווייס: מיט דיר קומט אָן אַ העלע וואָר,
אין דיינע פויסטן ליגט די מעכטיקייט פון קונסט.
דיין אויג, וואָס האָט געטונקלט זיך אין גראָ,
שיינט אויף אַצינד מיט פרייד, בלענדט אויף מיט זון.

איך וואָלט דיר היינט געוואָלט אָפּצאָלן מיט געזאַנג
פאַר יעדער שעה, פאַר יעדער לעבעדיקער נאַכט, —
ווער ווייסט, צי כ׳וועל נאָך זיין, ווען ס׳וועט דער טאָג
צעהוליען זיך אויף שטויביקייט פון שליאַך...

# עס רוישן די שטאָלערנע פייגל

עס רוישן די שטאָלערנע פייגל איבער דעכער
און פליען זינגענדיק אַרום דער שטאָט.
די נאַכט ווערט צעריסן אינדערהויך אויף שטיקער
פון זינגענדיקן פלאָט.

עס ווערן אויפגעפּרעסן די גאָלדענע שטערן
און די לבנה — אין רויך איינגעהילט.
אָ, הערט אויף רוישן, הערט אויף טומלען,
זייט שטיל, זייט שטיל!

מיר האָבן טאַקע שטענדיק געחלומט וועגן פליגל,
געטרוימט זיך אויפהויבן אין רוים,
נאָר אין אייער גערויש גייט פאַרלוירן
אונדזער וווּנדערלעכער טרוים.

מיר האָבן שטענדיק דערציילט אונדזערע קינדער
וועגן יענע מענטשן־אָדלער, וואָס וועלן קענען פליען.
און מיט זייער געזאנג דערגרייכן
ביז צו דער זון.

מיר האָבן ליב דאָס פלאטערן פון פליגל
און אַפילו דאָס זשומען פון אַ פליג,
אָבער נישט דעם שאַרפן ריח פון גאזן,
נישט דעם קריג.

ווען מיר זעען אייך פליען אינדערהויך,
ווען מיר הערן אייך רוישן איבער אונדזער דאך,
עס דאַכט זיך אונדז אויס, אַז אויפגעריסן
האָט די שווארצע נאַכט.

עס שטינקט דער בליי און פולווער אויף דער ערד,
און פלאמען כאַפּן הייס אַרום די ווענט,
קעפּ פון מענטשן — לעכער, ווונדן, בלוטיקע ריגוועס —
דאָס לעבן ברענט...

עס רוישן די שטאָלערנע פייגל איבער דעכער, —
מיין הארץ רוישט אויך — אין אנגסט.
פאַרוואָס מיט טויט נאָר זינגען ביי די שטערן,
ווען ס׳קען גליק ברענגען דער געזאנג?

# הימן צו דער זון

איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צו דער זון
און געשלינגען איר צערטלעכקייט אין אָפּלען.
ס׳האָט פרילינג־רויש אָנגעהויבן אין מיר
קלעטערן העכער, ווי אויף שטאַפּלען.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אין ווייטע פרימאָרגנס,
זי געזען זיך דראַפּען אויף נאַקעטע בערג.
זי האָט זומפּן געטרוקנט און געוואַרעמט
די לעבעדיקע געשיכטע פון דער ערד.

זי איז — אַ שיף אומגעשווימען אין לעגענדעס,
אין קינדישע מעשה׳לעך איז זי געשווימען.
זי איז מיטגעגאַנגען מיט אַנטדעקער פון לענדער,
געבליבן, ווען זיי זענען אומגעקומען.

זי האָט אויסגעגריפּט דעם שכל פון דערפינדער,
און געריקט דעם ווייזער פון דורות.
זי האָט געטראָגן די קרוין פון יאָרהונדערטער
און זי קיינמאָל נישט פאַרלוירן.

דאָס ערשטע הויז האָט זי געהאָלפן בויען,
און צוגעשפּילט מיט אירע פאַרבן ביי דער אַרבעט.
זי האָט פאַרזייט די קערנער פון פאַרנונפט
אונטער דעם מענטשלעכן שאַרבן.

אין איינזאמקייט האָט דער מענטש זי באַגעגנט
און די שרעק באַלד פאַרלוירן.
אין געיעג נאָך זיין ביסן — באַגלייט האָט זי,
און מיט אים געלאַכט און געטרויערט.

די זון האָט דעם מענטשן רעדן געלערנט ביי קוואַלן,
אויפברויזן און שרייען — ביים דונער,
זינגען האָט זי אים געלערנט ביי די פייגל
און ביי די לייבן — ברומען.

פרימאָרגנס האָט זי אים די אויגן געעפנט,
ביינאַכט זיי צוריק צוגעשלאָסן.
און אין דרימל מיט אים אויף חלום־פליגל
ארומגעפליוגן איבערן גרויסן קאָסמאָס.

און דער מענטש, — כאָטש אַזוי קליין — אַ פּינטל
קעגן דער העלער מעכטיקייט פון זון, —
גייט דאָ אום מיט זון־ליכט אין די אויגן
און זוכט, אַנטדעקט און געפינט.

אָן דער זון וואָלט איינער געטרעטן אויפן צווייטן,
ווי איבער קברים געשפּאַנט — איבער זיך, —
יעדעס מענטשלעך האַרץ וואָלט ביי פּיס געלעגן
און געלעקט דאָס אייגענע בלוט פון פרעמדע שיך.

אויב פאַראַן זענען נאָך מענטשלעכע בלוט־הינט,
וואָס שטעקן זייערע ציין אין אונזער גוף, —

װעלן זײ ביסלעכװײַז פֿון אונז פֿאַרשװינדן
און מיט זײ — דער לעצטער בלוטיקער גיפֿט.

אַ לויב צו דער זון, אַ לויב צו אונזער שכל!
אָ, זוניק ליד גײ אויף אין אונזער געמיט!
מיר װעלן פֿון דער ערד דיך נאָך דערגרײכן
מיט אונזער האַנט און מיט אונזער ליד...



ס׳טריפט אויף מיר דער הימל מיט בלאָע טראָפּנס,
און ס׳ווערט דער עלנד אין מיר דורכזיכטיק — אַ וואַל.
ס׳יערט די בענקשאַפט דאָרט — אַ שטומע, ווייכע ראָפּע,
און כ׳שריי אויף — אַ פאַרבלאָנדזשעטער אין וואַלד.

ווען נישט די בענקשאַפט וואָלט איך אפשר בלייבן ליגן
אין גליווערונג מיט פאַרהאַקטע, שטייפע ציין.
ס׳וואָלט געהאָנגען אויף מיר שווייגן, ווי אַ שלאָס אין ריגל
און כ׳וואָלט אין איינזאמקייט געזונקען — אין ווייכער ערד אַ שטיין.

כאָטש כ׳ווייס נישט אָפּטמאָל, וואָס באַדייט דער זשאַווער,
וואָס באַדייט די פוסטקייט אינ׳ם שווארצן האַרץ,
רוף איך מיט מיין גאַנצן בלוט צוהילף מיין חבר,
מיט מיין גאנצן ארומרו אויף זיין קומען כ׳וואַרט...

# באַגעגעניש

כ׳מוז אויסמײַדן אַ באַגעגעניש מיט דיר
נאָך יאָרן אומפּליען אין גרויסער שטאָט.
ס׳איז נענטער מיר היינט דער ציטער פון קלאַוויר,
ווי דאָס מאָנאָטאָנע געזאַנג פון טעלעפאָן־דראָט.

ס׳גייט אויף דערמאָנונג: שורות ווערבעס יונגע, —
אויף זיי זענען הענגען געבליבן מיינע יונגע טעג.
כ׳האָב דאָ דאָס ערשטע ליד מיינס געזונגען,
מיט בענקשאַפט באַגלייט יעדער פור אין וועג.

אין אונזערע אויגן האָט געבלישטשעט דאָס גאָלד
פון קלויסטער־קופּאָלן, וואָס שטייגן צו הויכן.
אין אונזער האַרץ האָט געדעמערט אָוונט־רויט און בלאָ,
מיר האָבן געאָטעמט מיט נישט אויסגענוצטע כוחות.

פון ביידע זייטן וועג האָבן פעלדער געדרימלט,
זאַנגען־קעפּלעך — געטרערט מיט זילבער־טראָפּנס.
אין שטילער נאַכט זענען אויפגעגאַנגען צום הימל
דאָס רוישן פון העגט און פון הערצער — דאָס קלאַפּן.

אויף אונזערע גופים — די קליידער געוואָרן זיידנס,
דאָס ווייכע גראָז — אַן אָפן בעט.
ס׳איז שווער געווען וויסן ווער פון אונז ביידע
וועט דער ערשטער זאָגן: שוין שפּעט.

און איצט שטיי איך אַ פרעמדער דאָ אין בלאַסן פאַרטאָג —
ס׳איז אַלץ נאָך ווי אַמאָל אַזוי שטיל און שיין!
נאָר איך — אַן אַנדער האַרץ דער וועלט אַנטקעגן כ׳טראָג
מיט לידער, וואָס בלוטיקן אין פאַרהאַקטע ציין.

ווי אַ וואַלד־חיה — געיאָגט פון יעגערס ביקס,
אַזוי איך יאָג פאַרסמט אַרום אין מיין אייגן לאַנד.
איך וועל שוין, ווייזט אויס, קיינמאָל נישט קומען צוריק
צו ערשטער רו, וועל אייביק אומיאָגן שוין פאַרסמט.

קען זיין: ס׳וועט אין מיין לעצטער שעה קומען צו גיין
די מילדע רו און זאָגן: שוין, האָסט דיינס דערגרייכט!
טאָ ווייס, מיין יונגער טרוים, אַז כ׳האָב נישט געוויינט,
נאָר כ׳האָב מיט דעם נייעם גליק זיך דערפרייט.

# גאסן

אַזוי פֿאַרשידן איז די שפּראַך פֿון גאסן, אַזוי פֿאַרשידן:
צו ווען עס רעדן בלויע אויגן און ווייסע פּיס פֿון מאַנעקינען,
צו ווען עס רעדן באַלן פֿון מאַניפֿאַקטור און זייד,
צו ווען עס ווינקען גאָלדענע רינגען, בריליאַנטן און בורשטינען
און צו ווען עס רעדן גאַסן בייזע, ברומענדיקע רייד.

*

גיי איך איבער גאַסן. (ס'שלינגען איין מיינע טריט די טראָטואַרן.)
אַרום מיר: פֿוטערנע מאַנטלען, פֿוקסן מיט לעבעדיקע אויגן.
פֿאַר מיר: וועגעלעך, וואָס פֿירן נאַקעטע אַקסל, פֿילם־סטאַרן,
איבער מיר: קרענץ פֿון עלעקטרישע לעמפּלעך, ווי רעגנבויגנס;
אונטער מיר: ערד, האַרטע ערד פֿון שטיין און צעמענט.

גרויסע שויפֿענסטער, קינעמאַטאָגראַפֿן, קאַפֿע־הייזער און טורמעס
מיט אייזערנע טירן, וואָס שלינגען מענטשן איין און שפּייען זיי אויס;
ווענט — פֿאַרקלעפּטע מיט אַפֿישן, טויטנצעטלען און קאָמוניקאַטן, —
אַלץ איז אַזוי נאַקעט, שרייעוודיק, אַזוי מוראַדיק גרויס.
אַלץ רופֿט צו דיר מיט אויגן און מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

אזוי פֿאַרשידן איז די שפּראַך פֿון גאַסן, אַזוי פֿאַרשידן,
ווי פֿאַרשידן ס'זענען מענטשן, וואָס וווינען אויף דער ערד.
גיי איך איבער גאַסן, הער זיך איין צו שפּראַך פֿון זייערע צינגען,
און הער: פֿאַראַנען אויך גאַסן, וואָס שרייען נישט, נאָר זידן
שטיל אין זיך: אַנדערע ווערטער און אַנדערע לידער זיי זינגען.

יענע גאַסן שטייען אָן אַ זייט, צעהויקערטע אין זיך, פאַרקלערטע.
הערן זיך איין צום פּלאַפּלען פון מאַשינען און הודזשען פון פאַבריקן,
סוד'ען זיך שטיל דורך נעכט, ווי ז'וואָלטן זיך גרייטן צו אַ שטורעם, —
און אַמאָל אין אַ טאָג, צי אַ נאַכט וועלן זיי זיך אָט־אַזוי אַ וויג טון
און דאָס געשריי פון די באַלעבטע גאַסן דער־שטי־קן...

# פרילינג

די ערד האָט אין מיין גאָרטן איינגעשלונגען דעם קויטיקן שניי
און אויפגעדעקט איר ווייכע ברוסט די גרינע.
עפּעס גייט אויף אין מיר אַ פרייד, עפּעס טוט מיר וויי,
און ס'וויל זיך אי וויינען, אי זינגען.

די זון שפּינט איבער בוימער אַ דינעם דורכזיכטיקן נעפּל,
און ס'הייבט אָן אויף זיי שפּראָצן אַ ליכטיקער טרויער.
יעדן פרילינג, ווען כ'זע דעם נעפּל, נעמען אויגן זיך קלעפּן
און ס'וויל זיך אַנטדרימלט ווערן ערגעץ ביי אַ מויער.

נאָר כ'קען נישט איינשטילן מיין האַרץ, אָפּשטעלן אין געיעג...
וואוהין מיין בלוט אין אַזאַ שנעלן גאַלאָפּ?
כ'קען נישט רוען אין שטוב, ס'וויל זיך ערגעץ אין וועג...
בלאָנקען זיך מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ.

ווער ביזטו, יענער אומגעזעענער אין מיין נשמה־וואַלד?
אָ, איך דערקען דיך, פּאָעזיע, אומרו דו מיין!
האָסט דעם האַרבסט באַזינגען און געשלאָגן — אַ קוואַל,
ווען ס'האָט ווינטער געקאָוועט גראָז און שטיין...

און איצט האָסטו מיך פאַרפלייצט מיט הערצער צען און מער,
און יעדעס האַרץ נאָגט באַזונדער און ציט.
האָט אַין האַרץ ליב, האָט דאָס צווייטע פּיינט. זאָג, אָ, ווער
וועט לייענען דען פון הערצער צען דאָס ליד?

# כ׳האָב ליב אַזוי די זון

כ׳האָב ליב אַזוי די זון,
וואָס שיילט אָפּ די שניי־הויט פון דער ערד.
כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳בין
אַ מענטש און נישט קיין טויטער שטיין,
וואָס קען דעם פרילינג נישט פילן
און נישט פאַרשטיין.

קוק און זע:
איבער טאָלן און בערג גייט אויף
אַ וואַרעמע פארע פון צעטאָפּיעטן שניי.
איבער דער ערד וועט שניידן דער אַקער.
איבער דער ערד וועט אויפגיין פאַרזיי.
כ׳בין גליקלעך, וואָס כ׳קען פאַרשטיין
וואָס מיאוס איז און וואָס שיין.

נאָר הער
מיין ליבער, גוטער פריינד:
כ׳האָב דער זון אנטקעגנגעטראָגן מיינע אויגן,
כ׳האָב זיך, ווי זי אליין צעשיינט
און זיך געפרייט מיט מיין פרוי און קינד.
— פרוי מיינע, — האָב איך געזאָגט, —
מען דאַרף שוין נישט קיין קוילן, —
די זון וועט שוין וואַרעמען אַצינד.

— קינד מיינס — האָב איך געזאָגט, —
מיין גליקלעכע, געראָטענע פרוכט,

וועסט בליען ווי די בלומען,
וועסט וואקסן ווי דער ווייץ,
וועסט זיך שפּילן אין זאַמד און לאכן,
לאכן, דו מיין טרייסט,
וועסט בויען אַ שענער לעבן, ווי דיין טאַטנס —
אַ לעבן אַ לוסטיקס, אַ לעבן אַ זאַטיקס!

און ביינאַכט:
ס׳איז די פינסטערקייט געהאָנגען אויפן סופיט.
כ׳האָב פאַרן שלאָפן גיין אַ קוק געטון
אויף מיין שעפעלעס שלאָפנדיק געזיכט —
גוט. ס׳שלאָפט.
נאָר ווען איך האָב איינגעדרימלט,
האָט עס זיך גענומען וואָרפן אין וויגל
און געוויינט און געשריגן.

כ׳קען נישט פאַרטראָגן דאָס געוויין פון אַ קינד.
עס שניידט — מיט אַ מעסער
האָב איך אין ווייטיק גענומען שעלטן
מיינע גרויסע הענט, וואָס קענען נישט פאַרדינען
פאַרן קליינעם עופה׳לע
אויף עסן.

מיין פרוי — אַזאַ יונגע,
איז נאַקעט אַראָפּ פון געלעגער,
גענומען פאַרען זיך, זוכן צווישן טעפּ,
לאַנג געזוכט און גאָרנישט געפונען,
האָט זי זיפצנדיק פאַרפלאָכטן אירע צעפּ,

זיך אָפּגעוואַשן,
און ס׳האָט די טיר זיך צעסקריפּעט:
„מ׳דאַרף גיין פאַרדינען״...

כ׳האָב גאָרנישט געזאָגט.
ס׳האָט דער פרילינג אין פענסטער געטאָגט.

# האָסט אפשר געהערט

האָסט אפשר געהערט וועגן אזא לאנד,
ווו יעדער הונט האָט אַ בודע, יעדער פויגל — אַ נעסט?
דאָס איז מיין לאנד.
האָסט אפשר געהערט וועגן אַזאַ לאנד,
ווו מענטשן ווערט געשאָנקען די פרייע גאַס,
דערלויבט צו קוקן אויף פרעמדן האָב און גוטס
וויפל דעם אויג זיך גלוסט?
דאָס איז מיין לאנד.

נאָר אין מיין גליקלעך לאנד איז אויך פאַראן
אַזאַ מין סאָרט מענטש, וואָס הייסט:
היימלאָזער, אַרבעטלאָזער און בעטלער סתם.
ווען ס'וווינען הינט אין די בודעס
און פייגל אין זייער נעסט —
זיי פלאָנטען זיך אויף קוילן־פלעצער,
זיי זינגען אין די הייף,
זיי גנבענען זעק און שלעפן ברעטער,
ווו מענטשן ווערט געשאָנקען די פרייע גאַס,
כדי זיך אויפצובויען אַ באַראַק.
און די בוימער, ווי ווערים,
קנוילן זיך איין אויף נאַסער ערד
צו הונדערט מיטאַמאָל און מער.
זיי זינגען, הוסטן, כראַפּען, שפּייען
מיט לייכעץ און מיט בלוט.
אַ ברייטל ווערט צעריסן און צעקייעט
מיטן אויגנבליק.

(נו, זאָג אַליין,
צי איז עס שיין?)

קריגן זיך די מויערן פון שטאָט
מיט דעם האַלצערנעם באַראַק.
— טראָגן זיך שלעפּער אָפּ פון דאַנען!
בייזערט זיך אַ גאָלדענע שויב,
אַ גלאַנציקער דאַך,
און אַ געלאַטעטע פּאַפּע־דאַך
לאַכט אין צאָרן:
אַז אַך און וויי!
קומט צו גיין דאָס געזעץ
און לויטעט אַזוי:
— די ערד געהער צום מאַגיסטראַט
און ווער עס בויט אַן געלט, אַליין —
דער מוז גיין!

האָבן די איינוווינער באַקומען —
שטאָט אַ האַלצערנעם באַדאַק —
אַ בלאָעם הימל — אַ דאַך
מיט רעגן און לויטערער זון.
זענען די איינוווינער זיך צעלאָפן,
ווי חיות, ווען מ'זעגט אונטער אַ וואַלד
און דרייען זיך ווידער אַרום
איבער לאַנד
מיט קעפּ אַנטבלויזטע,
צעריסענע שיך און געלאַטעטע הויזן — — — —

ס'האָט דער פרילינג פון גאָלד
מסתם אַזוי... געוואָלט...

# דער קעלער און דער פרילינג

דער קעלער און דער פרילינג
האָבן זיך, ווייזט אויס, נישט פאַרשטאַנען...

דער פרילינג האָט די זון
נישט געשיקט אַהין
און דער ברוגעזער קעלער
האָט זיך גאָרנישט געפריידט
מיט זיין ליכטיקן קומען.
דורך צעבראָכענע טרעפ
איז וואַסער אַנגעשווימען
און דעם קעלער פאַרפלייצט.
אין וואַסער האָבן זיך אומגעדרייט
צוויי באָרוויסע קינדער,
אַ פּאָר צעריסענע שיך
און — אַ דאַרע אַלטע קאַץ.
מיט לאָפּעטעס און טעפּ
האָט מען ס׳וואַסער אויסגעשעפּט
און אויף דער בלאָטיקער בריק
האָט מען געפונען
א טויטע מויז.

דער קעלער און דער פרילינג
האָבן זיך, ווייזט אויס, נישט פאַרשטאַנען...

# די וועשין מאַריאַני

די וועשין מאַריאַני
האָט אויך דעם פרילינג נישט באַגעגנט מיט קיין שמייכל.
זי איז געלעגן אין בעט און מיט דער האַנט געגעבן אַ צייכן
צו איר זעכצניעריק מיידל:

— טאָכטער מיינע

צוזאַמען מיט דער פּאַרע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון באַליעס
איז פאַרשוווּנדן די קראַפט פון מיינע הענט. ס׳זענען קאַליע
געוואָרן מיינע אויגן.

טאָכטער מיינע,
ביזט פריש און געזונט,
וועסט צו ארבעטן טויגן, —
גיי דינען!
פאַרדינען!

און דאָס מיידל דערויף:
כ׳בין שוין געגאַנגען. געווען ביי פיל באַלעבאָסטעס —
אומעטום פאַרנומען. כ׳האָב אויך געזוכט פרנסה
אין מאַגיסטראַט,
ווו מען קען אַזוי אָן אַ פּאַך, ביי אַרבעט שוואַרצער,
נאָר אומעטום איין ענטפער:
מען דאַרף נישט,
מען דאַרף נישט,
מען דאַרף נישט!

זאָל איך גיין
אין די הייף

אפשר אויפשטעלן די הענט:
— שענקט עפּעס, ליבע מענטשן,
שענקט עפּעס, שענקט
אַ יונגגן און געזונטן מענטשן?
קען איך נישט מאמע, ניין!
. . . אויפן ראַג?

די מאמע האָט גאַרנישט געזאָגט, געשוויגן.
געשאָקלט מיד מיטן קאָפּ.
דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעפּאַרבט די ליפּן און געגאַנגען
אַ דינער רעגן האָט געגאָסן.
ווי אַ קינד איז די איינזאמע מאמע אין געוויין זיך פאַרגאנגען,
און ווי דער רעגן האָט גענעצט די שטיינער און שטראָזן,
אַזוי האָט זי
מיט אַ האַרץ אַ פאַרקלעמטן
דאָס קישן פאַרנעצט...

די וועשין מאַריאַני —
האָט דעם פרילינג פאַרשעמט?
גאַרנישט געלאַכט?
און אפשר האָט זיך וועמען
בלויז אַזוי אויסגעדאַכט?

— גיי פרעג דאָס מיידל אויפן ראַג:
— מיידל, דעם גאַנצן אמת זאָג!

## די זון פון גאָלד...

די זון פון גאָלד, די לויטערע זון פון גאָלד,
ווער ווייסט דען וואָס זי האָט געוואָלט?

כ׳האָב געהאט אַ מיידל, אַ גאָלדן קינד,
האָט זי ליב געהאט די זון און דעם ווינט.
דער זון האָט זי איר ווייסן קערפּער געגעבן
האָט זי אים אויף ברוין אָפּגעברענט.
דער ווינט האָט אירע שוואַרצע האָר געקעמט —
און זי האָט זיך פאַר ביידע נישט געשעמט.

האָט דאָס מיידל געהאט אַ האַרץ אַ גאָלדנס
און צוויי גאָלדענע געראָטענע הענט.
האָט זי אויסגענייט מיט אַ פּשוטער נאָדל
בלומען לעבעדיקע אויף פאַרשידענע געווענדער,
אַז דיר האָט געוואָלט זיך שמעקן די בלומען.

האָט זי ביי איר פאַך קיין אַרבעט נישט געפונען,
איז זי געגאַנגען אין אַ פאַבריק.
געפּרוווט זיך פאַרמעסטן מיט מאַשינען
ווער שנעלער,
ווער גיכער,
— יאָג שנעלער,
שטאָלענער וויכער —
ס׳דאַרף פאַרטיק ווערן אַ שטיק נאָך אַ שטיק!

האָט דאָס אויג נישט געזען, ווי די האַנט
האָט מיט בלוט געטון אַ שפּריץ
און די מאַשין — אַ קריץ
מיט שאַרפע ציין — קרראַ־אַך!
די זון פון גאָלד, די לויטערע זון,
ווער ווייסט דען, וואָס זי האָט געטון?
צי האָט זי נישט
אין יענער מינוט,
ווען ס׳האָבן זיך פינגער, —
שטריקלעך רויטע נאָכגעהאנגען
אויף מיידלס בלוטיקער האַנט —
געוואָרעמט דעם נאַקעטן פּליך
פון פאַבריקאַנט?

די זון פון גאָלד, די לויטערע זון פון גאָלד —
ווער ווייסט דען, וואָס זי האָט געוואָלט?

# א מאי - אָוונט אין שטעטל

ווייסער, ברוינער בעז דרימלט אין גערטנער.
ס׳שמעקט די לופט מיט מילך, מיט פייגל־ציטער.
מאַנאָטאָנע גלעקער קלינגען. שאָטנס אויף בלעטער.
— קליינע פעדערלעך — פליען ווייסע בליטן.

פריזבעס פארען מיט וואַרמען שטויב און ליים.
פענסטער אָפענע נאָגן איין אין זיך דעם מאַי.
איינזאַם בלאָנדזעט אום אַ רויך אין בלאָען רוים.
אַ פלעדערמויז פלאַטערט שנעל פאַרביי.

שטילע בענקשאַפט, טונקלע אנונג בליט אויף בלומען.
אויף אַלע צווייגן וואַקסט אַ נישט באַגרייפבאַר גליק.
ס׳דאַכט זיך: עמעץ דאַרף פון ערגעץ קומען
אויפלעבן די שווייגנדיקע געסלעך מיט מוזיק.

קיינער גייט נישט שלאָפן און מען שטייט אויף שוועלן
קוקנדיק אַהין, ווו ס׳איז נישטאָ קיין סוף.
עפּעס וויל מען מאָנען, עפּעס וויל מען וועלן,
נאָר אַלע שטייען שטומע, טרויעריקע ווי שאָף.

גיט אַ בליק אַ שטערן, אויגן זיך אָנצינדן, —
ברענט נישט אויפן הימל מער שוין אָט דער שטערן?
פאַר זייער גורל שרעקן פרומע זיך און קינדער —
— נישט מיין גורל, טפו, ס׳זאָל אויסגיין צו אַן ערל!

שפּילט אויף אַ האַרמאָנקע טעלעמאָן דער שייגעץ,
זינגט ער מאנאָטאָן: „ווזשע ווערטשער וועטשעריע“.
פאַרגעסט מען אינם שטערן און מען גייט זיך לייגן,
ווערט די נאַכט אַנטשוויגן שטילער נאָך ווי פריער.



פרילינג מיינער, גאָלדענער פרילינג,
ביזט שענער ווי דאָס ליד פון די פּאָעטן.
דו קענסט מיין אומרויק לעבן נישט שטילן
מיט דיין געזאַנג פון וואַסערן און גרינע בלעטער.

מיט דיר גייען זינגענדיק מיט די וועלדער,
מיט דיר גייען מיט די סלופּעס אויף די וועגן.
ס׳האָבן אויפגעלאַכט די ברייטע פעלדער
מיט זון און פרישן, לויטערן רעגן.

דו פליעסקעסט זיך מיט די כוואַליעס אין טייך
און טרייבסט זיי איבער גרענעצן אַריבער.
דו שטייגסט צו דער העכסטער הייך
און נידערסט אין די טיפסטע גריבער.

פרילינג מיינער, גאָלדענער פרילינג —
וואַהין קומט אום דאָס גליק, וואָס ברענגסט?
פאַרוואָס גיסטו אונז נישט קיין פליגל,
ווען ס׳איז אונז דושנע אויף דער ערד און ענג?

פרילינג מיינער, טייערער פרילינג —
מיר ווילן פריי זיין, ווי דו אויף דער ערד,
און מיט דיר צוזאַמען זאָל זיין אונז שפּילן
דאָס ליד פון פעלקער־פרילינג באַשערט!

# האַרבסט - סימפאָניע פון דאָרף

I

די מענטשן פון דאָרף גלוסט זיך נישט אַצינד
אומשפרייזן באָרוויס צווישן הויפנס בלעטער,
זיי בענקען נישט נאָך ווייכער סאמעטענער האַנט,
וואָס זאָל זיי צערטלען לייכט און גלעטן...
ווען ס'גייט אויף דער האַרבסט אין לאַנד
און טוט אויס נאַקעטביימער און פעלדער,
זיי הערן פון דער שטאל דאָס קעלבן מעקען
נאָך דער מאמען, ווי אַ מענטשלעך קינד:
ווייל ס'איז אַ פריצ'ל געקומען,
די מאמען פאַרנומען,
פארנומען אויף שטענדיק —
פאַר שטייער געפענדעט.

II

עס גייט אַרום אין דאָרף דער גראָער האַרבסט
און שפּילט — אַ פאַסטוך אַזוי טרויריק.
עס שפריצט די זון איר לעצטן שפיגל־גאָלד
אויף כאטעס ליימענע — גלייך אויף מויערן.
עס קומען כמארעס רייטנדיק אויף רוקנס פון בערג,
און וואַרפן נידריק זיך אַראָפּ אין טאָל.
אין כאַטעס איז קיין צינדעלע נישטאָ,
ווייַנט אין פינסטערניש ביי פענסטער די שוואַרצע ערד:

— כ׳האָב אַ מאָל אַזוי געבליט,
און איצט איך פאַרבלי.
ציגד אָן אַ ביסל שיין,
לאָמיך זען צי כ׳בין דיין.

אין פוסטער טונקלער כאטע זיצן מאן און ווייב
אויף באנק און דרימלען מיד — סילועטן,
די פינגער ביים שפינראָד, אין מיטן שפינען
מיטן פאָדעם אין האנט איינגעדרימלט.
זיי חלומען: געהאט אַמאָל אַ גאָרטן, —
אַי איז דאָס א גאָרטן אַ פעטער געווען!
איז אַ פריץ׳ל געקומען פון דער שטאָט
און דעם גאָרטן פאַר שטייער געפּענדט.
— אָ, ערד, ביי אונזער הויז,
מיר וועלן גיין צו דיר אַרויס,
דיר זאָגן: אָ, גוטע ליבע ערד,
געהערסט צו אונז נישט מער!

III

דער הארבסט הערט אויף זיך שפּילן מיט דער זון, —
אַ זון? וואָס טויג זי מיר צום שווארצן יאָר!
פון וועלדער לויפט אַרויס אַ ווינט, יאָגט משוגה אַרום
און כאַפּט דאָס גאַנצע דאָרף אָן ביי די האָר:
אַ יאָג אין אַ שויב, אַריין און אַרויס,
אַ ריס ביי אַ טיר, אַ שלעפּ ביי אַ זאהאטע,
אַ גאָרטן אַ מלויץ, אַ שליידער אום אַ הויז
און מיט קייקלדיקן רעגן הויך צעלאַכט זיך — — — —

אָ, משוגענער שטורעם
וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאַכט?
מיר זענען אַזוי אָרעם,
פאַרלאָז אונזער הויז און דאך!

## IV

אַ פורל האָלץ שטעקן בלייבט אין מיטן אַ וועג,
אַ ראָד גייט פאַרלוירן אין דער ווייכער ווייַנענדיקער ערד.
אויף יעדן טריט וואַקלען זיך — שיכורע די פערד,
און איבער זייער רוקנס און אונטער זייערע פיס
דער האַרבסט זינגט טרויעריק און וויסט.
נאָר וואָראָנעס לאכן פול פרייד
און קראקען פליענדיק, האַפּקענדיק — קרא —
דער זומער איז אַוועק, דער זומער איז פאַרביי!
אָ, הימל, הער אויף טרויערן,
ס'איז אומעטיק און דארף סייווי.
דער אומעט פון די פויערים
איז אויכעט שוין צופיל.

## V

עס האָבן מענטשן נישט קיין שטיוול, נישט קיין פעלץ,
אין פיס נעצט די ערד, אין פלייצע יאָגט די קעלט.
מיט נעץ אין די ביינער, מיט קעלט אין די פינגער
גייט מען צום פריץ בולבעס גראָבן, פאַסאָליעס קלויבן.
אין כאַטעס ווישן קינדער אָפּ די רעגנטראָפּנס פון שויבן,
זיי פיבערן פון הונגער, קוקן מיט פייכטע אויגן

אויף דער קיך, וואָס שטייט אָנגעכמורעט, קאַלט,
און הערן טרוימעריש ווי דער רעגן פאַלט און פאַלט...
— אָ, רעגן שלעכטער רעגן,
הער אויף גיין ביי אונז,
פאַל אויף יענע וועגן,
וואָס לאַכן מיט דער זון.

VI

אָפּטמאָל גיסט דער רעגן וואָכן, גיסט און גיסט
און ס׳ווערט די ערד צעווייקט און קלעפּיק, —
אַ טריט דו שטעלסט — עס ווערן שווער אַזוי די פיס,
און קענסט זיי נישט מיט דיר שלעפּן.
דו ליגסט אין בעט — דער באַלקן וויינט מיט טראָפּנס,
דו קומסט אין שטאַל — דער בוידעם טריפט און קאַפּעט.
און ס׳טרעפט: עס נעמען שווימען הייזער, סטאַדאָלעס און שאָפּעס
און ס׳דאָרף שרייט מיט אַ צעוווּנדיקט קול: ראַ־טע־וועט!
אָ, דאָרף, ווער אויב נישט אליין
קען ענדערן דיין פּנים?
גענוג געיאָמערט און געוויינט,
הויב אָן מאָנען, מאָנען!

# דאָס גאָלדענע מעשה׳לע

דאָס גאָלדענע מעשה׳לע איז פֿאַרשווינדן, מיין קינד,
איך האָב עס דערציילן געהערט דעם פֿליענדיקן ווינט.

דאָס גאָלדענע מעשה׳לע איז אַוועק ווייט פֿון אונז, —
עס וויגט זיך ערגעץ אויבן מיט דער גאָלדענער זון.

וועל איך דיר זינגען איצט, מיין קינד, הער
אַן אַנדערע מעשה פֿון אונזער גרויסער ערד.

די מעשה פֿון ערד איז אַ בלוטיקע מעשה, —
אַ מעשה פֿון פּויערים און פּריצימלעך ווייסע.

סע וווינען די פּריצים אין ווייסע פּאַלייען
און ס׳זענען די פּויערים קנעכט און לאַקייען.

סע פֿירן די פּויערים איבער שטחים דעם אַקער, —
וואַקסן דאָרט תבואות און פּרוכטן געשמאַקע.

פֿאַרשטייט זיך: פּאַר פּריצימלעך — גאַנצע וואַגאָנען,
פּאַר פּויערים — קלייניקע, נישטיקע לוינען — — —

צעווײנט זיך אין האַרבסטן דער הימל מיט טרערן,
זענען זיך פּריצים אין אויסלאַנד צעפֿאָרן.

בלעטער פֿון ביימער פֿאַלן אָפּ פּוילע,
בלייבן די צווייגן — נאַקעטע, הוילע.

און אָט, ווי די צווייגן — די פויערים פאַראַרעמט,
ווינט אין די ביינער און רעגנס און שטורעמס...

גייט אַ געשריי פון די פויערים: אָ, עסן!
און ס׳ברויזן אין אומרו שוין טעג און מעת־לעתן...

איז וואָסזשע געשען אינם לאנד פון די כלאָפּעס?
זיי זענען אין הויף זיך צוזאמענגעלאָפן.

ס׳האָבן פויערים געוויי̆טיקט — נישטאָ וואָס צעקייען,
ווען ס׳ווערן בייכער געשוואָלן פון פריצישע שייערס.

האָט דער הונגער געטריבן, ווי פייגל פון נעסטן,
די פויערים פון כאַטעס צו נעמען זיך עסן...

האָט דער ווינט אין וועג זיי צעביסן די קליידער, —
— אָן עק זאָל עס נעמען! און היידאַ, און היידאַ!

האָט בליי אָפּגעשפּיגן זיי פון דערווייטנס, —
און בלוט ט׳זיך געקלעפּט צו די סטעזשקעס און בייטן...

און ס׳זינגט זיך דאָס מעשה׳לע נאָך ווייטער, מיין קינד,
שלאָף רויק, כ׳וועל עס נישט דערזינגען שוין אַצינד.

קען זיין, וועסט עס אַמאָל נאָך ענדיקן אליין,
ווען וועסט עס גוט באַגרייפן און פאַרשטיין...

# אין איינעם אַן אָוונט

דער אָוונט קריכט אום — אַ בלינדער ביי די פענסטער
און כלעפּטשעט, זיפצט מיט מאָנאָטאָנעם רעגן.
עס ליגט מיין ליד אויפן טיש אַ נישט פאַרענדיקטס
און קוקט מיט אותיות — אומעטיקע אויגן.

איך טראַכט: ענדיקן דאָס ליד איז איצטער שווער: —
דער טאָג האָט צופיל אומרו אין מיין האַרץ געגאָסן.
און איך, — וואָס גיי איך אום אויף אונזער ערד —
אַ שאָף אַן איינזאַמע אויף רעגנדיקן דרויסן?

איך קלער: די בלעטער פונם בוך, וואָס כ׳בלעטער
זעגען פונקט, ווי יענע מענטשן, וואָס כ׳האָב געקענט.
איז איינער פון זיי געווען אַ הונטישער פאַרעטער
און האָט אַלעמען פאַרקויפט פאַר געלט.

אַ בלעטל שוועבט פאַרביי, — אַ פּנים פון אַ נאָנטן חבר,
איין געזיכט און צוויי, און דריי, און פיל — — —
און ער צווישן זיי האָט שטענדיק זיך געיאָוועט
און איילִיק זיך געסודעט אין דער שטיל.

ס׳האָט קיינער נישט געוווּסט, זיין סוד — אַ מעסער
אין דער פּלייצע; ס׳האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז ס׳ווייסן
וועגן אַלץ די — — — ער איז רויק זיך געזעסן,
מיט קיין אויג געפינטלט, מיט קיין פוס געטרייסלט.

אין יעדן טאָג אַן אַנדערער פאַרשווינדן, ווי אין וואַסער,
ביז געבליבן איז ער איינער און קיינער נישט מיט אים,
פון טאָג צו טאָג מיין פּנים איז געוואָרן בלאַסער
און איינגעהאלטענער, פאַרביסענער מיין שטים.

כ׳האָב נישט געשריגן. נישט געוויינט. צעברומט זיך...
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

אוי, מיין ליד, כ׳וועל דיך נישט ענדיקן אצינד,
ווייל אומרויק מיין בלוט איז, ווי דער ווינט...

# פאַרבן

אונזער זון האָט היינט אויסגעגאָסן אירע שענסטע פאַרבן,
זענען זיי לעבן געבליבן אויפן הימל ביז שפּעטן אָוונט.
ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די בלומען, וואָס אין גערטנער שטאַרבן
הוליען ערגעץ אום אין הויכן מיט וואָלקנדלעך גראָע.

אומעט האָט מיך פאַרהילט, ווי ס'פאַרהילט נעפּל די שטאָט,
ווען אין אויגן האָבן פאַרבן זיך געלאָשן, אויפגעהערט ברענען.
ס'האָט האַרבסט געשפּילט אויף מיין האַרץ — ווינט אויף דראָט
אַן אומפאַרשטענדלעך ליד מיט אומעטיקע טענער.

נאָר כ'האָב נישט פאַרשטאַנען דאָס ליד, נישט פאַרשטאַנען, ניין.
כ'האָב געהערט: עס קלאָגן אין גאָרטן נאַקעטע צווייגן.
עס טרויערט די ערד. עס האָבן פאַרקנס זיך שטיל צעוויינט.
אונטער דעכער־נעסטן האָבן אומרויק געזיפּצט די פייגל.

איך ווייס נישט, קען זיין פאַראַן עפּעס אַזוינס אין פאַרבן,
וואָס די נאַטור און אַפילו די חיות מאַכט טרויערן, וויינען.
נאָר איך האָב גראָד געקלערט, אַז מאַסנווייז עס שטאַרבן
אויף ווייטע שפּאַנישע שלאַכט־פעלדער ברידער מיינע — — —

דאָ איז שטילער האַרבסט. אויף דער ערד זיפּצן בלעטער.
דאַכט זיך מיר: איך גיי דאָ אום מיט טריט צו שווערע.
צי שפּאַן איך נישט איבער טויטע ברידער און צעטרעט זיי?
כ'בין שטיין געבליבן ביי אַ שטיין אַ פאַרבענקטער און פאַרקלערטער.

איבער מיר האָבן פאַרבן זיך געלאָשן אין וואַסערן פון כמאַרעס —
און ס׳האָט די ערד פון פייכטן מויל געזעצט מיט טונקלער פּאַרע.
אומרויק האָב איך דעם בלינדן נעפּל מיט מיין גוף גענומען רייסן,
זוכנדיק אַ נאָענטן פריינט אַ העלדישן ער זאָל מיך טרייסטן...

# קאַשמאַר

בלאָזט די נאַכט אויף איר טרויריקער פלייט אין די נאַקעטע הייזלעך,
ענטפערן איר אָפּ הינט מיט אַ לאַנגן וואָיען.
ס׳יאָגט אַ באַן איבער פינסטערע וועגן. איך בין אויף אַ ווייטער רייזע,
זיץ אין וואַגאָן און אין האַרץ איז עפּעס מעלויע.

לויפט די נאַכט אין גאַלאָפּ, ווי ס׳לויפן מענטשן אין אַ שׂרפה.
מיר דאַכט, איך לויף אויך, נאָר כ׳קען די נאַכט נישט דעריאָגן.
גיט אַלעמאָל אַ בליץ דער הימל מיט בלוטיק רויטע שטרייפן, —
די נאַכט לעשט זיי אויס און ס׳דאַכט זיך, ס׳וועט קיינמאָל שוין נישט טאָגן.

הוידען זיך קעפּ, ווו ז׳וואָלטן אויף שטריקלעך געהאָנגען,
הוידעט זיך אַלץ אויף דער וועלט אַרויף און אַרונטער.
אַ טייך פּליעסקעט אויף, ס׳האָט עמעץ אין אים זיך געטראָנקען,
שלעפּט מען דעם מענטש פונם וואַסער אַרויס גאָר אַ פריילעך, געזונטן.

לאַכט מען. שפּילט מען אויף אַ גיטאַרע, טירירי־טירירי...
ווער לאַכט און ווער שפּילט עס? איך זע נישט קיין פּנים.
אוי, קאָפּ מיינער, האַלט זיך! כ׳האָב מורא איך וועל דיך פאַרלירן
אין משוגענעם פּלאָנטער, — ביי וועמען כ׳וועל קענען דען מאָנען?

הוידעט זיך, הוידעט זיך אַלץ אויף דער וועלט אינם אומרו,
ס׳איז שווער וועמען זען און עמעצן דערקענען.
ווער זינגט עס אַצינד מיט אַ דאַרפישן טרויער און אומעט?
דאַכט זיך, ס׳איז ער, דער גרויסער יעסיענין...

ווו קומסטו אַהער? זינגט ער זיך ווייטער זיין ערדישן טרויער
און ס׳גייען פאַרביי אין געזאַנג פאַשעס און פינסטערע סטעפּעס.
עס גייען פערד, ס׳גייען זעלנער, ס׳גייען קינדער און פרויען, —
און אונטער זיי הערט מען הילכן געוווערן און שטעפּן.

ווער זינגט מיט אים מיט? דוכט זיך, אַ שפּאַנישער טאַנגאָ?
— „אָ, סעניאָריטע, וויין האָבן מיר געטרונקען אין באַרצעלאָנע״...
אויף אַקסל פון מיידלעך געווערן. עס הילכן מעכטיקע געזאַנגען...
ראַדיאָ: האַלאָ? האַלאָ! עס קומען אָן צו הילף די פרויען־באַטאַליאָנען!

און ס׳הוידעט זיך, הוידעט מיין האַרץ פון זייערע לידער,
און ס׳הוידעט זיך, וויגט זיך די ערד פון זייערע טריט
— — — — — — — — — — — — — — — — —
כ׳דערמאָן זיך: מיר האָבן גערעדט — איך מיט מיין ברודער
איידער ס׳האָט נאַכט אונז אַנטשלאָפן — וועגן יעסיענין און וועגן
מאַדריד...

# דער לעצטער
(שפּאַנישע באַלאַדע)

איבער וועלדער — אַן איינזאַמער שטאָלענער אָדלער
דרייט זיך — אַ יאַסטרויב, וואָס שמעקט אויס זיין רויב.
די געגנט פאַרלאָזן אין חורבן, אין שאָדנס
ליגט אינם נעפּל מיט בויך אַרויף.

געבינדענע סנאָפּעס וויינען אַראָפּ פון וואָגן
דאָס קראַנקע פויערל — אַ שאָף אַדורכגעווייקט.
די פערדלעך די קליינע האָבן קוים זיך דערטראָגן
און ביים שייער זיך מידע רוען געלייגט.

איינציקע פערדלעך פון דאָרף, די לעצטע פערדלעך,
דער לעצטער מאַן פון כאַטע — אַן אינוואַליד,
זיי האָבן אַהיימגעפּירט פון פעלד די סטערטעס,
ווייל אַלע געזונטע אַוועק זענען קיין מאַדריד.

אַוועק זענען אַלע געזונטע און יונגע פון כאַטעס
אין טראַנשייען מיט פראַנקאָן זיך שלאָגן.
האָט דער רעגן פון שטרויענע דעכלעך געקאַפּעט
דורך פינצטערע נעכט און דורך טרויריקע פאַרטאָגן.

אַוועק זענען אַלע מיט יאַגט־ביקסן און קאָסעס
זיך שלאָגן פאַר היים און פאַר ערד,
האָט הימל אויף זיי מיט קוילן געשאָסן,
נישט געוועזן זיי צום פראָנט שוין קומען באַשערט.

געווייט האָבן פעלדער מיט וויסטקייט און אומעט
און ווערבעס געקלאָגט מיטן האַרבסטיקן ווינט.
ס'איז קיינער אין דאָרף צו דעם פויערל געקומען,
אים ברענגען אַ גרוס פון די טעכטער און זין.

און ווען ר'האָט אין פעלד שוין פאַרענדיקט די אַרבעט,
די לעצטע סנאָפּעס אין שייער געבראַכט,
האָט ער געקוקט אויף די רעגנבויגן־פאַרבן,
אין ווייטער איינזאַמקייט זיך פאַרטראַכט:

געווען איז אַ דאָרף מיט מענטשן און פערד,
געווען איז אַ ליד, וואָס האָט לעבן געברענגט.
און איצט ווי עס טרויערט די גרויסע ערד,
נאָך מענטשלעכע לידער און אַרבעט זי בענקט...

איבער וועלדער — אַן איינזאַמער שטאָלערנער אָדלער,
דרייט זיך — אַ יאַסטרויב, וואָס שמעקט אויס זיין רויב.
די געגנט פאַרלאָזן אין חורבן, אין שאָדנס
ליגט אינם נעפּל מיט בויך אַרויף...

## ...און די זון האָט געשפּילט...

זון האָט געשפּילט, געשפּילט אויף גאָלדענע פידלען,
זעגען אומגעגאַנגען אויף דער ערד וואונדערלעכע האַרבסטיקע מעלאָדיעז.
מיט קינדער־געלעכטער האָבן זיך צעלאַכט מיינע אויגן,
און כ׳האָב געזען, אַז שטאַרבנדיקע בלומען ווילן זיך אויפסניי צעבליען.

אויף וועגן, וואָס לויפן אין זומערדיקע לענדער,
האָבן פייגל די זון־מוזיק דערהערט, אויף צווייגן זיך פאַרטראַכט:
אפשר אַ פלאַטער טון צוריק?
ווי קען מען פאַרלאָזן דען אַ לאַנד, וואָס כישופט און בלענדט
און שפּילט אַזאַ לויטערע זוניקע מוזיק?

איך, צוזאַמען מיט די פייגל און שפּילנדיקע פאַרבן,
האָבן דעם אומעט פאַרטריבן אין ווייטע זומפיקע סטעפּעס.
ווי די זון, האָט אויך די פרייד און אונז נישט געוואָלט שטאַרבן,
ס׳האָט זיך געוואָלט שפּרייזן איבער איר, — איבער אַ לאַנגן טעפּיך,
שפּרייזן אַזוי לאַנג מיט זינגענדיקן גליק — — — — — —

ס׳האָט בלויער טאָג געריגען פון קיילעכיק צעעפנטן הימל,
בלויע מונטערקייט האָט צוריקגעקוואָלט פון אַלע מיינע גלידער,
כ׳האָב געזונגען און פאַרגעסן צי עס הייסט געזונגען,
כ׳האָב הפקר, ווי פייגל, אַרויסגעלאָזט פון האַרץ מיינע לידער.

אין לידער־רויש און זון־געזאַנג און אומגעצוימטן פלוס פון פאַרבן —
אַ טאָג אַזאַ אין האַרבסט — ווער קען עס דען פאַרגעסן?

מיר האָט געדאַכט: ס׳וועט גאָרנישט אויף דער וועלט מער שטאַרבן —
ס׳וועט אַלץ זיך צוקלעבן צו ערד און זויגן,
און זויגן פרייד, און פרייד וועט לעבן שוין אין יעדנס אויגן — — —

די זון האָט געשפּילט אויף גאָלדענע פידלען,
און איך בין אַליין אַזש אַ פידל געוואָרן,
ווען ס׳האָט די ריזיקע שטאָט אויף מיר צעשפּילט זיך
מיט לאַכנדיקע שילדן און שויבן ליכטיקע, קלאָרע.

ביז ס׳האָבן הילכיק זיך צייטונגען צעשריגן:
פראַנקאָ האָט פאַרנומען און באַצווינגען אירון!
האָט די גאַנצע שטאָט זיך גענומען וויגן, וויגן
און פאַרמישט אַלע זוניקע קאָלירן.

האָט דאָס ליכטיקע פייער אין מיר זיך גענומען לעשן,
ס׳האָבן קניען געפיבערט, פיס — די טריט פאַרלוירן.
אין שויפענצטער — זיך צעטאַנצט מאַנעקינען און פלעשער
און ס׳האָבן — שיכורע צעהוידעט זיך די מויערן.

און איך — אַ פאַרוווּנדעטע חיה מיט אַ האַרץ אָן אָפּנס,
האָב מיין הייסן ווייטיק איבער שטיינער געגאָסן.
איך האָב שנעל געשפּרייזט, ווי ס׳וואָלט מיר ווער נאָכגעלאָפן,
כ׳בין געלאָפן... כ׳ווייס אַליין נישט וואַהין איך בין געלאָפן...
— — — — — — — — — — — — — — — — —
און די זון האָט געשפּילט אַ טרויעריקע ביים ראַנד —
איך האָב איר רויטן צאָרן געטראָגן אין מיין האַנט...
— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין צאָרן רוף איך פונדאַנען צו מיין שפּאַנישן פריינט:
ווען וועסט פאַריאָגן דיינע בלוטיקע פיינט
און אויפבויען צוריק דיין שטאט אין זיג —
נעם, ווי אַ ציגל צו דיין נייעם פונדאַמענט — מיין ליד...

# אין ווייסן זילבער

ווייסער זילבער — אויף ברייטע שטחים ערד, —
זינגט דער ווינט אין איינזאַמקייט ביים טייך.
מילדער אָוונט שווימט אַרום טרוימעריש פאַרקלערט,
דורך געסלעך נאַקעטע — אַ באַרוויסער זיך שלייכט.

שייבלעך ברענען מיט גאָלדענע פלעמלעך,
דעכלעך קרעכצן שטילע אין שטייפן געפריר.
ס'שטעטעלע הויבט אויף געפרוירענע ברעמען,
ווען ס'גיט ערגעץ ווו אַ סקריפּ אַ טיר.

מיין האַרץ יאָגט נאָך אַ ווייטן, ווייסן ניגן, —
אַ פידלער האָט אים אַמאָל ערגעץ אויסגעשפּילט...
קען זיין ס'איז אויסגעטראַכט, ס'איז גאָר אַ ליגן,
נאָר ס'בענקט זיך פאָרט נאָך יענעם ווייטן ליד.

מילדער אָוונט שווימט אין טרוימערישן זילבער,
לבנה יאָגט זיך נאָך נאָך שליטנס אינם שניי.
אין שטעטל בלאָנקען אום שטיקלעך ווייכע זילבן
פון יענעם ליד, וואָס איז שוין ערגעץ ווייט...

## דערמאנונג — — —

פעברואר נאַכט. אַ שליטן האָט געשניטן
שינעס טונקלע אין ווייסן שניי.
האָבן ייִנגען געזונגען אין נאַכטישן ציטער
אַ ניגון אַ שווערן, ווי בליי:

„ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
„ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס,
און עס פייפט דער ווינט.
פון סיביריען שיקט דיין טאַטע

בין איך נאָכגעלאָפן — אַ הינטל נאָך ייִנגען,
נאָך זייער אומעטיק געזאַנג.
איז דער שליטן אַוועק, ס׳האָבן דראָטן געזונגען
אין ווייסן, אין שנייאיקן בלאַנק.

איינער אַליין אין ליידיקן מאַרק דעם בלייכן —
אַ סלופּל אַ קליינס ביי דער ערד,
דאָס ליד איז אַוועק אין פאַרלוירענע הייכן,
אין ווייסע באַזילבערטע בערג.

אין ווייסע פאַראייננאַמטע שנייאיקע וויטן
צום בייזן, צום האַריקן בער, —
דאָרט האָבן געקלונגען אייזערנע קייטן, —
און שטעטל איך האָב עס געהערט.

איז געוואָרן מיין שטעטל אַ תּפיסה, אַ פעסטונג, —
איך בענק אַזוי שטאַרק נאָך דער פריי.

האָט אָט די בענקשאַפט אין האַרץ זיך פאַרגעסטיקט —
אַ פויגל אויף צווייג.

און היינט, אַז איך גיי איבער איינזאַמע גאַסן,
די פיס מיינע טראָגן אַ קייט...
אין הויכן אין טיפע די שטערנדלעך בליאַסקען
און שמייכלען צום שניי...

# כ׳גיי אַנטקעגן דעם טאַטן

ס׳איז מיין טאַטע אין דאָרף געגאַנגען פעלצן לאַטען
און ער דאַרף באַלד קומען צוריק מיט אַ זעקל קאָרן.
פלעג איך ליב האָבן אַנטקעגן גיין דעם טאַטן,
ווען ס׳איז דער טייך געווען געקאָוועט און געפרוירן.

בין איך פון שטוב אַרויס, ס׳האָט קיינער נישט באַמערקט,
די סטאַדאָלעס שטייען אַנגעטון אין שניי און אייז.
גראָע וואָלקנס טראָגן זיך שווערע, ווי בערג, —
מיט זילבער נייעם וועט מיין שטעטל ווערן אָפּגעליישט.

ציט מיך די שנייאיקע ווייכקייט — לייג זיך ייִנגעלע, לייג זיך!
מעסט איך אויס אַ מענטש מיט מיין קערפּער, ליגט ער אויסגעצויגן
רעד איך צום באַשאַפענעם, שווייגט ער, ווי אַ פגר,
בלייב איך שטיין אַן אייזאַמער מיט פאַרוויינטע אויגן.

— יונגל קליינער, יונגל נאַרישער, לויף אַוועק פון דאַנען!
נעם איך יאָגן איבער פעלדער, נעם איך שנעלער שפּאַנען.

דאַכט זיך: אויפן פעלד סקריפּעט עמעץ מיט אַ ווייסן סמיק,
און סטאַנצן אויפן הימל צו צום טאַקט די פאַרבן .
גייט אין האַרצן מיר אַריין די ווייסע פעלדישע מוזיק
און כ׳שרעק זיך, אַז איך קען אין ווייסקייט דאָ נאָך שטאַרבן.

לויף איך גיכער און נאָך מיר יאָגן אַלע ווייסע וועגן,
שפּרינג איך ביז דער העלפט אַריין אין ווייכע ריוועס.

גישט דער טאַטע, נאָר אַ ווייסער וואָלד קומט מיר אַנטקעגן
און רוישט אויף מיר מיט קולות און ער רופט מיך...

איך אַנטלויף צוריק. פּאַכעט אָוונט שוין מיט טונקלע פליגל
און ווייסע שניי־פייגל דרייען זיך און דרייען — — —
דער ווייסער פידלער האָט שנעל און מעכטיקער צעשפּילט זיך
און מיט שטערנדלעך דאָס ווייסע פעלד פאַרזייעט...

— יונגל קליינער, האָסט פאַרבלאָנדזשעט אין דער גלאַטער ווייסקייט...
שעפּטשעז פייערלעך דורך שייבלעך מיר אַרויס פון הייזקעס.

# פייערן פון הונגער

פייערן ברענען אויפן הימל, שוואַרצע פייערן אין אויגן, —
צי האָט עמעץ דעם ווייסן פּאַלאַץ אין פעלד געצינדן?
...געווען אַזאַ לעגענדע, אַ מעשה'לע אַ קינדיש בלויע —
האָט דאָס מעשה'לע אַמאָל ביי אונז געכישופט אַלע קינדער.

נישט געווען קיין ברויט אין שטוב, קיין קאַווע צו טרונקען, —
האָבן מיר דעם קאַלטן אייז פון פענצטער געשלינגען.
ווער ווייסט דען נישט, אַז קינדער קענען פאַרגעסן אין הונגער,
ווען זיי דערציילן זיך מעשה'לעך און לידעלעך זינגען?

טאַ לאַמירזשע זינגען: אַמאָל איז געווען אַ שיינע פּרינצעסן,
האָט זי אַ ביימעלע פאַרפלאַנצט מיט אַלערלייאיקע מכאָלים,
האָבן אַלע אָרעמע קינדער פון דעם ביימעלע געגעסן,
אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן זיך אויפגעוועקט פון חלום.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין קליידער, צעפליקט און צעריסן.
האָט דער שניי זיך נעסטן אויסגעבויט אין לעכער.
איז יעדעס שניילעלע — אַ רענדל, און מיר וואָזשנע פריצים
האָבן אויפגעבויט אַ פּאַלאַץ מיט גאָלדענע שלעסער.

האָט די פּרינצעסן זיך פאַרזינדיקט ביי איר געליבטן,
האָבן מיר זי איינגעשלאָפן אין פּאַלאַץ פאַרשלאָסן.
זענען פּרינצן געגאַנגען זי וועקן און טרויריקע, באַטריבטע
האָבן זיי זיך צוריקגעקערט איינזאַם און פאַרלאָזן.

זענען מיר נאָכגעגאַנגען אַלע בעטלער, (פּרינצן פאַרשטעלטע),
נאָכגעפּאָרשט צי האָט נישט ווער פון זיי פון פּאַלאַץ דעם שליסל.
ס'האָט יעדער פון אונז אַליין ווערן געוואָלט אַ בעטלער
און קומען צו דער פּרינצעסן אין די אויגן זי קושן.

נאָר ווי צו אונז! מיר זענען געגאַנגען, קיינמאָל נישט אָנגעקומען!
נישט קומען געקאָנט צום אייגענעם פּאַלאַץ דעם ווייסן.
האָט דער הונגער אונז אָנגעטון אין וואָלקנס פון אומעט
און ס'האָט טרויריק זיך געענדיקט די שיינע מעשה.

ס'איז דער הונגער גרעסער געוואָרן, די מעשה פאַרשווינדן!
דאַכט זיך פייערן ברענען, שוואַרצע גרויסע פייערן — — — —
צי האָט עמעץ דעם ווייסן פּאַלאַץ אין פעלד געצינדן?
מיר האָבן דאָס הונגעריקע האַרץ געלאָשן מיט שפּייעכץ.

## אין אַ יאַנואַר־נאַכט

מיט זילבערנע אויגן קוקט די שטאָט
און שלינגט מיט ווייסן מויל עלעקטרישן בלאַנק,
שלינגט איין דאָס געזאַנג
פון טעלעפאָן־דראָט
און דאָס רוישיקע לעבן
פון פילם־לענטעס
און ראַדיאָ־הילכערס.

די יאַנואַר־נאַכט גייט אום אין ווייסן קלייד
איבער גאַסן און סקווערן
אַזוי שטיל,
אַז ס׳דאַכט:
כ׳הער דאָס געפליסטער פון די שטערן.
און ס׳גייט אויס
אין בענקשאַפט יעדער אָדער, יעדער נערוו
נאָך דער יוגנט, די היים, אַ פריי
און נאָך אַ גוט ליד.

מיין יאַנואַר־נאַכט:
איינגעקורטשעט, צעבויפגעדריקט
אין ענגשאַפט פון אַ צעל.
בלויז אַן אָפּגעריסן שטיק העל
פון דער פאַרפרוירענער לבנה
פאַלט אויפן דיל
און אויף מיין פנים.

װעמען זאָל איך איצט
פריער דערמאָנען, חבר, —
װעמען פריער געדענקען, פריינט,
צי מיין טאַטנס אומעטיק פּנים,
װאָס װייטיקט:
דאָך מיין זון!
און שעמט זיך פּאַר שכנים:
געװוען אַ לייט און איז נישט מער קיין לייט —
װאָס האָט ער דערפון?
צי זאָל איך דערמאָנען פריער,
דאָס לעבן, אונזער לעבן
פון די פּעריפעריעס,
װאָס גייט אויס אויף דער גרויסער ערד?

דאָס האַרץ איז אַזוי אומרויק
און צאַפּלט — אַ לעבעדיקער פיש,
כאָטש דו, מיין יאַנואַר־נאַכט
ביזט אַזוי צאַרט און שטיל,
װי אַ קוש...

כ׳װאָלט װעלן אַזוי שטיין
מיט קאָפּ צוגעטוליעט צו קראַטעס,
קוקן, קוקן, קוקן —
און טרונקען די שטילקייט פון זילבערנעם דרויסן.

# אַ חלום — אַ ליגנער

זענען שנייעלעך געפלויגן — ווייסע שמעטערלינגען,
ווייסע פליטערלעך צו דער ערד געפלויגן.
האָט די ערד געשמייכלט, שטיפעריש געווינקען
מיט קלייניקע, ליכטיקע זילבערנע אויגן.

האָבן רויטע שטערנדלעך געפלאַקערט אויפן הימל,
האָט אַ ווינט צעשאָטן זיי אויפן ווייכן שניי.
זענען זיי געוואַקסן — אין גאָרטן רויטע בלימלעך.
און געגאַנגען זענען קינדער אויפקלויבן זיי.

האָבן קינדער זיך געשושקעט: אַ פּאַלאַץ וועט מען בויען,
נישט אַ פּאַלאַץ בלויז, נאָר אַ קינדער־לאַנד!
יעדעס הויז פון זילבער און פון גאָלד — דער טויער —
וועט דאָס זיין אַ לענדעלע, אַ לענדל — אַ גיגאַנט!

פאַרשווינדן ס׳וועט דער אומעט פון די קאַלטע היימען,
און ס׳וועט וואַרעם זיין דאָ, און ליכטיק וועט דאָ זיין!
וועט מען זינגען זאָרגלאָז און טאַנצן ט׳מען אינאיינעם
פון פרימאָרגן ביז אין טיפער נאַכט אַריין.

ס׳וועלן גרויסע קומען און דער לערער — צווישן זיי —
יעטוועדן אַ גלעט טון און אַ זאָג טון — וויל!
וועלן קינדער שפּילן אויפן פידל, אויפן פלייט
און די גרויסע וועלן גאַפן מיט אָן אָפן מויל!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר אַ ווינט אַ בייזער האָט גענומען וואָיען,
ווילד גענומען רייסן, בייסן ס׳בלעך פון דאַך — — —
און ווען אינדרויסן ס׳האָט אָנגעהויבן גראָען,
זענען אַלע קינדער שוין געווען וואַך.

האָבן זיך זיי טרערן־טראָפּנס פון די אויגן,
אַראָפּגעקייקלט הייסע אויפן בעטגעוואַנד...
— אַ חלום. אַזאַ ליגנער, איז ווייט אַוועקגעפלויגן
און מיט זיך מיטגענומען דאָס שיינע קינדערלאַנד...

## שניי

ס׳גייט מיר נאָך דאָס שטילע קרעכצן פון בלעכענע רינוועס,
לעצטע טראָפּנס רעגן פרירן איין און גייען אויס.
ליידיקע באָרוויסע טראַמווייען שפּרייזן איבער שינעס, —
פרישער ווייסער שניי לייגט אין זיידנס זיך אויס.

שטילקייט פליט אין שנייעלעך — פליגעלעך פון שמעטערלינגען,
און ס׳איז צאַרט אַזוי די שטאָט, ווי פידל־סטרונעס.
מיין בלוט וואַלט זיך אַצינד אין רויקייט צעזינגען,
ווו ס׳זינגען קעגן דער לבנה טיפע ברונעמס.

מיר דאַכט: אין לייכטקייט הויב איך אויף זיך העכער, העכער,
אין מיינע אָפּלען שפּריצט דאָס גאָלד פון שטערן.
נאָר ס׳וועקט מיך אויף דאָס האַרטע קרעכצן פון די דעכער
און כ׳שפּרייז ווידער אום אָן איינזאַמער אויף ערד.

אינטים געזאַנג. די נאַכט זי שעמט זיך נישט פאַר קיינעם,
זי זינגט מיט פייערלעך אויף ווייטע, טונקעלע וועגן.
זי זינגט מיט קוועלעכלעך ביי שניי־באַדעקטע שטיינער,
זי שפּילט מיט ווינטעלעך זילבערנע אויף ווערבעס ביי די ברעגעס.

אינטים געזאַנג פון צאַרטן שניי, פון צאַרטער ליבע —
ווי טאָר איך זינגען היינט אין שפּעטע, ווייסע שעה׳ן?
מיר דאַכט: מען לאַכט פון מיר אין אַלע צוגעמאַכטע שטיבער:
— פּאָעט, אַזאַ געזאַנג איז איצט דאָך פּשוט אַ שגעון!

גיי איך. פֿאַלט אויף מיר דער בליאַסק פֿון הויכע שויבן,
ווו ס׳ציטערט דער קלאַרנעט און ס׳פֿיבערט פֿאַרטעפּיאַן.
אויף גלאַטע פּאָדלאָגעס — ווייסע פֿיס די קלאַנגען קלויבן
און דרייען זיך פֿאַרכשופֿטע אין זיסן טאַנץ.

שרייב איך אויפֿן שניי אַ שריפֿט אַזאַ, וואָס כ׳פֿאַרשטיי אַליין נישט,
און זיך מיט בענקשאַפֿט עמעצן, וואָס זאָל מיך פֿירן,
וואָס זאָל מיר הויך אַצינד די שניי־שריפֿט איבערלייענען
און ס׳זאָל זיין קול די טויטע שטילקייט דאָ צערירן.

באַגעגן איך: אַ קופּע היימלאָזע פּרעסן איין דעם קלאָרן שניי,
זיי זיצן דרימלענדיקע צוגעטוליעטע צו מערמלענעם דענקמאָל.
די קאַלטע נאַכט האָט אָפּגעסמט אויף זייער לייב די פּליי,
אָבער מענטשן היימלאָזע ציטערן, און חלומען און בענקען...

— אָ, מענטשן־גרויל און ווייסע, וויגנדיקע נאַכט פֿון קלאָרן שניי!
כ׳טראָג לידער צוויי אויף לעבעדיקע ליפּן פּייכטע:
איין ליד פֿון זילבער און ס׳צווייטע ליד פֿון מענטשלעכן געשריי,
וועל איךביידע היינט צו פֿיס אייערע אַ שליידער טון!

קלויבט זיי אויף און טראָגט זיי אום — אַ וווּנד אַ בלוטיקע אין מויל,
צו הויקערדיקע הייזעלעך פֿון געסעלעך און העקן,
זאָגט אָן: מיט הילכיקן פּראָטעסט דורך ווייסן שטומען גרויל
מיט היימלאָזן פּאָעט מיר וועלן קומען וועקן...

# אינהאלט

